פרידריך ניטשע

# דיאָניזאָס דיטיראַמבן

יידיש

נ. אייבעשיץ

פאַרלאַג „טורעם" װאַרשע

ISBN:0-657-12285-8

פרידריך ניטשע

# דיאָניזאָס דיטיראַמבן

ייִדיש

נ. אייבעשיץ

פאַרלאַג „טורעם“ וואַרשע

# דיאָניזאָס-דיפיראַמבּן

דאָס זענען די לידער
זאַראַטוסטראָס, וואָס ער האָט
זיך אַליין צוגעזונגען, כּדי
צו פֿאַרטראָגן זיין לעצטע
איינזאָמקייט.

## נאר נאַר! נאר דיכטער!

אין בין־השמשות־דיקער לופט,
ווען די טרייסטונג פון דעם טוי
שוין טריפן טוט אַראָפּ אויף דר'ערד,
אומבאַמערקט, אויך אומגעהערט
— ווייל שיכלעך צאַרטע טראָגט
דער טרייסטער טוי, ווי אַלע מילדע טרייסטער, —
געדענקסטו דאַן, געדענקסטו, הייסעס האַרץ,
ווי ד'האָסט אַמאָל געדורשט
נאָך טרערן־טראָפּנס פון דעם הימלס טוי,
בראַנדיק און פאַרשמאַכט געדורשט,
בערט אויף געלע גראָז־שטעגן
בייזהאַפט אָונטלעכע בליקן פון דער זון
דורך שוואַרצע ביימער געלאָפן זענען אַרום דיר,
בלענדנדיקע זון־גלוט־בליקן, בייז־פריידיקע.

„דער ליבהאָבער פון דעם א מ ת — דו?
— אזוי געטון שפעטן האָבן זיי —
ניין! נאָר אַ דיכטער!

א חידה, אַן ערמד־הדיקע, אַ רויבנדיקע,
וואָס שליכן זיך און ליגנט זאָגן מוז,
ליגנט זאָגן באַוווסטערדהייט און ווילנדיק,
גלוסטנדיק צו רויב,
פאַרביק פאַרמאַסקירט,
פאַר זיך אַליין אַ מאַסקע,
פאַר זיך אַליין אַ רויב,
דאָס — דער ליבהאָבער פון דעם אמת?...

נאַר נאַר! נאָר דיכטער!
פיל־פאַרביקעס נאָר רעדנדיק,
פון לצים־מאַסקעס פאַרבנרייך שרייענדיק אַרויס,
אויף ליגנערישע ווערטער־בריקן שפּאַנענדיק אַרום,
אויף רעגנבויגנס פון דעם ליגנט
צווישן פאַלשע הימלען
אַרומגעבלאָנקעט, אַרומגעשלייכט —
נאָר נאַר! נאָר דיכטער!...

דאָס — דער ליבהאָבער פון דעם אמת?...
נישט שטיל, פאַרגליווערט, גלאַטיק, קאַלט,
ווי אַ בילד געוואָרן,
אַ געטער־בילד פון שטיין,
נישט פאַר די טעמפּלען אויפגעשטעלט,
גאָטס אַ שומר פאַר דער טיר:
ניין! אַ שונא גאָר פון אַזעלכע טוגנט־בילדער,
אין יעדער וויסטעניש מער היימיש ווי אין טעמפּלען,

פול מיט קאַצן־שטיפעריי,
אַ שפּרונג דורך יעדן פענסטער,
האָפּ! אין יעדן צופאַל,
אַ שמעק צו יעדן אורוואַלד,
כדי אינאיינעם אין אורוועלדער
מיט פאַרביק־קודלאַטע ווילדע חיות
זינדיק געזונט, שיין און פאַרבנרייך אַרומצולויפן,
מיט תאווה־לוסטיקע לעפצן,
גליקלעך־חוזקדיק, גליקלעך־גידהנמדיק, גליקלעך־
בלוטדורשטיק,
רויבנדיק, זיך שלייכנדיק, ליגנט זאָגנדיק...

אָדער ווי דער אָדלער, וועלכער לאַנג,
לאַנג פאַרגליווערט קוקט אין תהומען,
אין זיינע תהומען...
— אָ, ווי דאָרט זיי רינגלען זיך אַראָפּ,
אַרונטער, אַריין,
אין אַלץ מער טיפערע טיפן! —

דאַן,
מיטאַמאָל,
גלייך אַ פּליי
און געצוקט
אַ וואַרף זיך טון אויף לעמער
פייל פון בויגן אַראָפּ, מיט הייסן הונגער,
אין תאווה־לוסט צו לעמער,

אין צאָרן אויף אַלע לעמער־זעלן,
אויף אַלץ אין גרימצאָרן, וואָס קוקט
טוגנטהאַפט, ווי שאָף, געקרייזלט־וואָליק,
נאַריש און מיט לעמער־גוטקייט...

אזוי אָט
אָדלערהאַפט, לעמפערטהאַפט
זענען די בענקשאַפטן פון דעם דיכטער,
זענען ד י י נ ע בענקשאַפטן הינטער טויזנט מאַסקעס,
דו נאַר! דו דיכטער!...

דו, וואָס האָסט אין מענטש געזען
ג אָ ט און ש אָ ף צוגלייך, —
דעם גאָט אין מענטש פ אַ ר צ ו ק ן
און אויך דאָס שאָף אין מענטש
און ל אַ כ ן אין פאַרצוקן, —

ד אָ ס, אָ ט ד אָ ס א י ז ד י ר ד י י ן ג ל י ק,
דאָס גליק פון לעמפערט און פון אָדלער,
דאָס גליק פון דיכטער און פון נאַר!"...

אין בין־השמשותדיקער לופט,
ווען דער סערפּ פון דער לבנה
שוין גרין צווישן פורפור־רויטן
און קנאה־פול זיך שאַרן טוט,
— דעם טאָג אַ שונא,

אינגעהיים פאַרשניידנדיק מיט יעדן טריט
די הענגנדיקע רויז=גירלאַנדן,
ביז זיי זינקען, בלאס זיי זינקען
טיף אַראָפּ אין דער נאַכט:

אַזוי בין איך אַליין אַמאָל געזונקען
פון שגעון מיינעם צו דעם אמת,
פון מיינע טאָג=בענקשאַפטן,
מיד פון טאָג, פון ליכט אַ קראַנקער,
— געזונקען טיף אַראָפּ, צום אונט=צו, צום שאָטן=צו,
פון איין אמת
פאַרברענט און דורשטיק:
— געדענקסטו נאָך, געדענקסטו, הייסעס האַרץ,
ווי ד'האָסט אַמאָל געדורשט? —
אַז פאַרטריבן בין איך
פון יעדן אמת!
נאָר נאַר! נאָר דיכטער!...

---

## צווישן טעכטער פון דער מדבר.

1.

„גיי נישט אַוועק! האָט דאָ געזאָגט דער וואַנדערער, וואָס האָט זיך גערופן דער שאָטן זאַראַטוסטראַס, בלייב מיט אונז, — אַנישט קאָן אויף אונז ווידער אָנפאַלן דער אַלטער שטיקנדער אומעט.

יענער אַלטער מכשף האָט אונז שוין מיט דעם ערגסטן פון זיינע זאַכן מכבד געווען, און זע נאָר, דער גוטער פרומער פויבסט האָט טרערן שטיין אין די אויגן און האָט זיך ווידער איינגאַנצן אַרויסגעשיפט אויפן ים פון דער מרה=שחורה.

אָט די דאָזיקע מלכים קאָנען, אמת, נאָך מאַכן פאַר אונז אַ פריילער פנים: וואָלטן אָבער קיין עדות דערביי נישט געווען, איך וועט זיך, אַז אויך ביי זיי וואָלט זיך ווידער אָנגעהויבן דאָס בייזע שפיל,

— דאָס בייזע שפיל פון ציענדיקע וואָלקנס, פון פייכטער מרה=שחורה, פון פאַרהאָנגענע הימלען, פון צוגעגנבעטע זונען, פון הוילנדיקע האַרבסט=ווינטן,

— דאָס בייזע שפיל פון אונזער געהויל און נויטשריי: בלייב מיט אונז, זאַראַטוסטראַ! דאָ איז פאַראַן אַ סך פאַרבאָרגענער

עלנט, וואָס וויל אויפטון זיין מויל, אַ סך אַ [illegible]ט, אַ סך וואָלקן, אַ סך שטיקנדיקע לופט!

דו האָסט אונז געשפּייזט מיט שטאַרקער מענער־שפּייז און קרעפטיקע משלים: דערלאָז נישט, אַז צום נאָכפאַרבייס זאָלן אויף אונז ווידער אָנפאַלן די ווייכלעכע ווייבלעכע גייסטער!

דו אַליין מאַכסט שטאַרק און העל די לופט אַרום דיר! האָב איך ווען אַמאָל געפונען אויף דער ערד אַזאַ גוטע לופט, ווי ביי דיר אין דיין הייל?

אַ סך לענדער האָב איך דאָך געזען, מיין נאָז האָט זיך אויסגעלערנט צו פאָרשן און אָפּשאַצן אַ סך מינים לופט: ביי דיר אָבער פילן מיינע נאָזלעכער זייער גרעסטן תענוג!

סיידן, — סיידן, — אָ, פאַרגיב אַן אַלטע דערינערונג! פאַרגיב מיר אַן אַלט נאָכטיש־ליד, וואָס איך האָב אַמאָל געשאַפן צווישן טעכטער פון דער מדבר.

ביי זיי גראָד איז אויך געווען אַזאַ גוטע העלע מאָרגנלענדישע לופט; דאָרט בין איך געווען גאָר ווייט פון דער וואָלקנדיקער פייכטער מרה־שחורה־דיקער אַלט־אייראָפּע!

דאַמאָלס האָב איך ליב געהאַט אַזעלכע מאָרגנלאַנד־מיידלעך און אַנדערע בלויע הימל־קעניגרייכן, איבער וועלכע עס הענגען נישט קיין וואָלקנס און נישט קיין געדאַנקען.

איר וועט נישט גלויבן, ווי שטאַטלעך זיי זענען געזעסן, ווען זיי פלעגן נישט טאַנצן, טיף, אָבער אָן געדאַנקען, ווי קליינע געהיימנישן, ווי באַנד־פאַרפּוצטע רעטענישן, ווי דעסערט־ניס —

פאַרבנרייך און ווונדערלעך באמת! אָבער אָן וואָלקנס: רעטענישן, וואָס לאָזן זיך טרעפן: — אַזעלכע מיידלעך צוליב האָב איך דאַמאָלס אויסגעטראַכט אַ נאָכטיש־געזאַנג".

אַזוי האָט גערעדט דער וואַנדערער, וואָס האָט זיך גערופן דער שאָטן זאַראַטוסטראַס; און אײדער עס האָט אים נאָך עמעצער געענטפערט, האָט ער שוין די האַרף פון אַלטן מכשף אין זיין האַנט גענומען, די פיס פאַרלייגט און רויק און קלוג זיך אַרומגעקוקט: — מיט די נאָזלעכער אָבער האָט ער לאַנגזאַם און פאָרשנדיק די ליפט אײַנגעצויגן, ווי אײנער, וואָס פאַרזוכט אין נייע לענדער אַ נייע לופט. צום סוף האָט ער אָנגעהויבן צו זינגען מיט אַ מין געברום.

2.

די מדבר וואַקסט: ווי, אין וועמען אַ מדבר פאַרבאָרגן ליגט.

3.

האַ!
פייערלער!
אַ חשובער אָנהויב!
אַפריקאַניש פייערלעך!
חשוב פאַר אַ לייב
אָדער פאַר אַ מאָראַלישן ברום־אַף...
— אָבער גאָרנישט פאַר אײַך,
איר גאָר־ליבסטע פריינדינס,
צו וועמענס פיס ס'איז מיר,
אַן אייראָפעער אונטער פאַלמען,
צו זיצן באַשערט. סלה.

א חידוש באמת!
איך טו דאָ איצט זיצן,
צו דער מדבר נאָענט און שוין
מיטאַמאָל אזוי ווייט פון מדבר,
אויך אין גאָרנישט נאָך פון רוויסט:
טאַקי אראָפּגעשלונגען
פון אָט דער קליינער אָאַזיס
— זי האָט אויפגעעפנט אין אַ גענעץ גראָד
איר ליבלעך מויל,
דאָס ווילשמעקנדסטע פון אַלע מיילעכלעך:
בין איך געפאַלן אַריין,
אַראָפּ, אַדורך — צווישן אייך,
איר גאָר־ליבסטע פריינדינס. סלה.

וויל, וויל צו יענעם וואַלפיש,
אַז ער האָט אַזוי זיין גאַסט
פריינטלעך אויפגענומען! איר פאַרשטייט
דעם רמז מיינם פון אַ תלמיד־חכם?...
וויל צו דעם בויך זיינעם,
אויב באמת ס'איז געווען
אַזאַ ליבלעכער אָאַזיס־בויך,
גלייך ווי דער: אין וואָס איך בין מסופק גאָר
איך קום דאָך־פון אייראָפּע,
וואָס לרענקט אויך ספיקורת מער ווי אַלע ווייבלעך.
מעג גאָט דערצו אַ הילף איר שיקן!
אמן.

טו איך זיצן דאָ אַזוי,
אין אָט דער קלענסטער אָאַזיס,
גלייך ווי אַ טייטל,
ברוין, געזיסט, מיט גאָלד געשטאָפּט,
גלוסטיק צו אַ רונדיק מיידל־מויל,
נאָך מער אָבער צו מיידלערישע
אייז־קאַלטע שניי־ווייסע שניידיקע
ביס־ציינדעלעך: נאָך זיי גראָד
לעכצט דאָס הארץ פון אַלע הייסע טייטלען. סלה.

צו די דערמאָנטע דרום־פּירות
גלייך, שוין צופיל גלייך,
ליג איך דאָ, און קליינע
ווערים־פליגעלעך
טאַנצן, שפּילן אַרום מיר
און אויך נאָך קלענערע
נארישערע שלעכטערע
מחשבות און פאַרלאַנגען, —
פון אייך אַרומגעלאַגערט,
איר שטומע, איר אַנונגספולע
מיידל־קעץ
דודו און סולייקאַ
— אַ ר ו מ ג ע ס פ י נ ק ס ט, כדי אַ סך געפילן
אָנצושטאָפּן אין איין וואָרט
(— דעם חטא פאַרגיב מיר, גאָט,
פון צ׳ט דעם לשון!...)

— זיץ איך דאָ און שמעק די בעסטע לופט,
גן־עדן־לופט באמת,
העלע לייכטע לופט, גאָלדגעשטרייפטע,
אַ גוטע לופט, ווי ס'איז אַזאַ נאָר ווען
אַראָפּגעפאַלן פון דער לבנה,
איז דאָס געשען על־פּי צופאַל
אָדער מחמת שטיפעריי?
ווי דערציילן ס'טון די אַלטע דיכטער.
איך בעל־ספק אָבער בין אין דעם מסופק,
איך קום דאָך
פון אייראָפּע,
וואָס קרענקט אויף ספיקורת מער ווי אַלע ווייבלעך.
מעג גאָט דערצו אַ הילף איר שיקן!
אמן.

ציענדיק אין זיך אַריין אָט די שענסטע לופט
מיט נאָזלעכער, צעשפּרייטע ווי די בעכערס,
אָן צוקונפט, אָן זכרונות,
אַזוי־אָ זיץ איך דאָ, איר
גאָר־ליבסטע פריינדינס,
און קוק מיך צו דער פּאַלמע צו,
ווי בויגן זיך זי טוט, אזוי ווו'אַ טענצערין,
און נויגן זיך און וויגן אין די לענדן,
— מ'הויבט דאָס אָן צו טון נאָך, אויב לאַנג מ'קוקט
זיך צו...
אַזוי ווו'אַ טענצערין, וואָס איז, ווי מיר זיך דוכטן וויל,

שוין גאָר לאַנג, מסוכּן לאַנג
כּסדר נאָר געשטאַנען אויף איין פּיסל?
— האָט זי, ווי מיר זיך דוכטן וויל, דערפֿאַר
פֿאַרגעסן גאָר דאָס אַנדערע פּיסל?
אומזיסט, צום ווייניקסטן,
האָב איך געזוכט דאָס פֿעלנדיקע
צווילינג־צירונג
— איך מיין דאָס אַנדערע פּיסל —
אין דער הייליקער נאָענט
פֿון איר גאָר־ליבסטן, גאָר־צירלעכסטן
פּאָכער־פֿלאַטער־פֿליטער קליידל.
יאָ, אויב איר ווילט, איר שיינע פֿריינדינס,
גלויבן מיר אינגאַנצן:
זי האָט עס גאָר פֿאַרלוירן...
הו! הו! הו! הו! הורה!...
אַוועק איז עס,
אַוועק אויף אייביק,
דאָס אַנדערע פּיסל!
אָ, אַ שאָד דאָס דאָזיקע ליבלעכע אנדערע פּיסל!
ווו — קאָן עס איצט באמת זיין און פֿאַרלאָזן טרויערן,
אָט דאָס איינזאַמע פּיסל?
אין אימה אפשר פֿאַר אַ
גרימצאָרנדיקן געלן בלאָנד־געלאָקטן
לייב אַן אומגעהויער? אָדער גאָר שוין
אָפּגענאָגט, אַרומגעגריזשעט —
אַ רחמנות נעבעך! וויי! וויי! אַרומגעגריזשעט! סלה.

אָ, וויינט מיר נישט,
איר ווייכע דה גרצער!
וויינט מיר נישט,
איר טייטל־דהערצער! מילך־בחעמס!
איר זיסדהאָלץ־
דהאַרצבייטעלעך!
ווי אַ מאַן, סולייקאַ! מוט! מוט!
וויין נישט מער,
בלייכע דודו!
— אָדער זאָל גאָר אפשר
עפעס שטאַרקנדעס, האַרץ־שטאַרקנדעס
זיין דאָ אויפן אָרט?
אַ פזמון אַ געזאַלבטער?
אַ פייערלעכע טרייסט?...

דהאַ!
אַרויף, חשיבורת!
טו בלאָזן, טו ווידער בלאָזן,
בלאָז־זאַק פון דער טוגנט!
דהאַ!
נאָך איין מאָל ברומען,
מאָראַליש ברומען,
ווי אַ מאָראַלישער לייב פאַר די טעכטער פון דער
מדבר ברומען!

— מחמרת טוגנט־געדהויל,

מײַן גאָר־ליבסטע מײדלעך,
איז מער פאַר אַלץ
אַן אײראָפּעער־תּשוקה, אַן אײראָפּעער־הײסהונגער!
און אָט שטײ איך שױן
װי אַן אײראָפּעער,
איך קאָן נישט אַנדערש, העלף מיר גאָט!
אמן!

*     *
*

די מדבר װאַקסט: װײ אין װעמען אַ מדבר פאַרבאָרגן ליגט!
שטײן קריצט אָן שטײן, די מדבר שלינגט און שטיקט.
דער אומגעהױערער טױט קוקט מיט שװאַרצער גלוט
דערנעבן
און קײעט, — זײן קײען איז זײן לעבן...

פאַרגעס נישט, מענטש, װאָס דיך פאַר־
ברענט האָט תּאווה־קױט:
דו — ביסט דער שטײן, די מדבר, ביסט
דער טױט...

---

## לעצטער ווילן.

שטאַרבן אַזוי,
ווי כ'האָב אים אַמאָל שטאַרבן געזען, —
דעם פריינט, וואָס בליצן און בליקן
ר'האָט געטלעך געשליידערט אין מיין טונקעלער יוגנט:
שטיפעריש און טיף,
אין דער שלאַכט אַ טענצער, —

צווישן קריגס־לייט דער פריילעכסטער,
צווישן זיגער דער שטאַרקסטער,
ווי אַ שיקזאַל שטייענדיק אויף זיין אייגן שיקזאַל,
שטרענג, באַדאַכט, מיט פאָרזיכט : —

ציטערנדיק, מחמת ר'האָט געזיגט,
פול פרייד־געשריי, ווייל שטאַרבנדיק געזיגט: —

געביטנדידק אין שטאַרבן
— און ר'האָט געבאָטן, מ'זאָל צעשטערן...

שטאַרבן אַזוי,
ווי כ'האָב אים אַמאָל שטאַרבן געזען:
זיגנדיק, צ ע ש ט ע ר נ ד י ק...

---

## צווישן רויבפויגלען.

ווער אַראָפּ דאָ וויל,

ווי גיך

שלינגט די טיף אים איין!

— אָבער דו, זאַראַטוסטראַ,

האָסט ליב דעם אָפּגרונט נאָך,

טוסט אַזוי ווי דער טענענבוים? —

ער וואַקסט אַרויס, ווו

דער פעלז אַליין מיט שוידער

קוקט אַרײַן דער טיף אַראָפּ, —

ער שוועבט איבער תהומען,

ווו אַלץ אַרום

אַרונטער וויל:

צווישן דער אומגעדולד

פון ווילדן שטיינדל־שיט, פון וואַסער־פאַל

געדולדיק ליידנדיק, האַרט, שווייגנדיק,

איינזאַם...

אײנזאַם!
װער װאָלט אױך געװאַגט
דאָ גאַסט צו זײן,
דײן גאַסט צו זײן?...

סײדן אַ רױבפױגל:
ער הענגט זיך אײן
אין שטאַנדהאַפטן סבלנס האָר אַרײן
מיט בײזער פרײד,
מיט שגעון־געלעכטער,
אַ רױבפױגל־געלעכטער...

צו װאָס אַזױ שטאַנדהאַפט?
— שפּאָט ער גרױזאַם:
פליגל מוז מען האָבן, אַז מען ליבט דעם תהום,
נישט הענגען טאָר מען בלײבן,
װי דו געהענגטער! —

אָ, זאַראַטוסטראַ,
גרױזאַמסטער נמרד!
נישט לאַנג ערשט — דער יעגער גאָטס,
די פאַנגנעץ פון יעדער טוגנט,
די פײל פון בײז!
אַצינד —
פון דיר אַלײן דעריאָגט,
דײן אײגן רױב,

אײַנגעבּיסן אין דיר אַלײן...

אַצינד —
אײַנזאַם מיט זיך,
אין אײגענעם װיסן צעצװײַט,
צװישן הונדערט שפּיגלען
פאַלש פאַר זיך אַלײן,
צװישן הונדערט זכרונות
אומגעװיס,
שװאַך פון יעדער װוּנד,
קאַלט פון יעדן פראָסט,
אין אײגענע שטריק געװערגט,
קענער פון זיך אַלײן!
תּלין פון זיך אַלײן!

װאָס האָסטו דיך געבּונדן
מיט דעם שטריק פון דײַן חכמה?
װאָס האָסטו דיך געטון פאַרנאַרן
אין גן־עדן פון דער אַלטער שלאַנג?
װאָס האָסטו דיך אַרײַנגעשלײכט
אין דיר — אין דיר?...

אַ קראַנקער איצט,
װאָס פון שלאַנגען־גיפט איז קראַנק;
אַ געפאַנגענער איצט,
װאָס'ט אױסגעשפּילט דעם שװערסטן גורל:

אין אייגענער שאַכט
געבויגן ביי דער אַרבעט,
אין זיך אַליין איינגעבויערט,
אונטערגראָבנד זיך אַליין,
אומבאַהאָלפן,
שטייף,
אַ בר־מינן, —
פון הונדערט לאַסטן באַלאָדן,
פון זיך אַליין באַלאַסטעט,
אַ ו י ס נ ד ע ר !
אַ ד ע ר ק ע נ ע ר  פ ו ן  ז י ך  אַ ל י י ן !
דער ח כ ם זאַראַטוסטראַ!...

דו האָסט געזוכט די שווערסטע לאַסט:
האָסטו געפונען  ד י ך, —
דו וואַרפסט זיך נישט אַראָפּ פון דיר...

לויערנדיק,
געבויגן אין די קני,
איינער, וואָס קאָן נישט גלייך מער שטיין!
דו וועסט מיר נאָך פאַרוואַקסן מיט דיין קבר,
א י י נ ג ע ב ו ק ט ע ר  גייסט!

און נישט לאַנג נאָך שטאָלץ אַזוי,
אויף אַלע שטעלצעס פון דיין שטאָלץ!
אַנומלט נאָך אַליין אָן גאָט,

אין צווייען מיטן טייוול,
דער רויטער פּרינץ פון יעדן איבערמוט !...

אַצינד —
צווישן צוויי גאָרנישטן
איינגעקלעמט,
אַ פּראַגעצייכן,
אַ מאַטער רעטעניש, —
אַ רעטעניש פאַר ר ו י ב פ ו י ג ל ע ן...

— זיי וועלן דיך שוין „טרעפן",
זיי דורשטן נאָך דיין „טרעפונג" שוין,
זיי פלאַטערן שוין אַרום דיר, זייער רעטעניש,
אַרום דיר, געהענקטער !...
אָ זאַראַטוסטראַ !...
ק ע נ ע ר פ ו ן ז י ך אַ ל י י ן !...
ת ל י ן פ ו ן ז י ך אַ ל י י ן !...

---

## דער פייערצייכן

דאָ, ווו צווישן ימען אַרויסגעוואַקסן איז דאָס אינזל,
גלייך געטוּרעמט אינדערהויך ווי אַן אָפּפערשטיין,
דאָ צינדט זיך אינטערן שוואַרצן הימל
זיינע הויכקייטס־פייערן זאַראַטוּסטראַ אָן, —
פייערצייכנס פאַר פאַרוואָרפענע שיפערס,
פרעג־צייכנס פאַר יענע, וואָס האָבן ענטפער...

דערדאָזיקער פלאַם מיט דעם ווייס־גרויען בויך
— אין קאַלטע ווייטן זיין גיר זיך רייסט,
צוּ אַלץ ריינערע הויכן בייגט ער אויס דעם האַלז —
אַ שלאַנג, גראָד אויסגעשטרעקט אינדערהויך פאַר
אומגעדולד:
דעמדאָזיקן צייכן געשטעלט האָב איך פאַר מיר אַוועק.

מיין זעל אַליין איז אָט דער פלאַם:
נאָך נייע ווייטן דורשטיק אָן אַ סוף,
פלאַקערט הויך, הויך דאָס שטילע פייער אַרויף.
וואָס איז זאַראַטוּסטראַ פאַר חידה און מענטש אַנטלאָפן?

וואָס האָט ער פּלוצים די יבשה אינגאַנצן פאַרלאָזן?
זעקס אייגזאַמקייטן קען ער שוין, —
אָבער נישט איינזאַם גענוג איז פאַר אים געווען
דער ים אַליין,
דאָס אינזל האָט געמאַכט אים שטייגן, אויף דעם
באַרג געוואָרן איז ער פלאַם,
צו אַ זיבעטער אייגזאַמקייט
וואַרפט ער, זוכנדיק, די נעץ איצט אויס איבערן קאָפּ.

פאַרוואָרפענע שיפערס! חורבות פון אַלטע שטערן!
איר צוקונפטס־ימען! נישט־אויסגעפאָרשטע הימלען!
צו אַלץ, וואָס איינזאַם, כ'וואַרף די נעץ איצט אויס:
ענטפערט אויף דער אומגעדולד פון דער פלאַם,
פאַנגט מיר, דעם פישער אויף הויכע בערג,
מיין זיבעטע לעצטע איינזאַמקייט! — —

---

# די זון פארגייט.

1.

נישט לאַנג וועסטו נאָך דורשטן,
הארץ פאַרברענטס!
צוזאָג איז אין דער לופט,
פון אומבאַקאַנטע מיילער בלאָזט אויף מיר א הויך,
— די גרויסע קילקייט קומט...

מיין זון האָט הייס געברענט אין מיטאָג איבער מיר;
זייט געגריסט מיר, וואָס איר קומט,
איר אומגעריכטע ווינטן,
איר קילע גייסטער פון נאָכמיטאָג!

עס טראָגט די לופט זיך ווונדערלעך און רייז.
וואַרפט נישט אַ שיקלדיקן בליק
פאַרפירעריש
די נאַכט אויף מיר?...
בלייב שטאַרק, מיין העלדיש הארץ!
נישט פרעג: פאַרוואָס? —

2.

טאָג פון מיין לעבן!
די זון פאַרגייט.
שוין שטייט רויק ס'וואַסער
גאָלדבאַגלאַנצט.
וואַרעם אָטעמט דער פעלז:
איז צו מיטאָג־צייט דאָס גליק
זיין מיטאָג־שלאָף אויף אים געשלאָפן? —
מיט גרינע פייערלעך
בליצט נאָך גליק אַרויס פון שוואַרצן אָפּגרונט.

טאָג פון מיין לעבן!
באַלד קומט די נאַכט.
שוין גליט דיין אויג
האַלבפאַרלאָשן,
שוין טריפן טרערן־טראָפּנס
פון דיין טוי,
שוין לויפט שטיל איבער ווייסע ימען
דער פורפור פון דיין ליבע,
דיין לעצט צעגערדיק גליק...

3.

הייטערקייט, גאָלדענע, קום!
די פאַרבאָרגנסטער
זיסטער גענוס פאַר דעם טויט!
— בין איך צו האַסטיק געלאָפן מיין וועג?

אצינד ערשט, ווען מיר איז געוואָרן מיין פוס,
דעריאָגט מיך דיין בליק,
דעריאָגט מיך דיין גליק...

ארום נאָר בלויז שפּיל פון די וועלן.
וואָס שווער געווען איז אַמאָל,
איז פאַרזונקען אין בלויע פאַרגעסנקייט, —
עס שטייט איצט מיין שיפל און רוט.
ווי אָפּגעווינט פון זעגלען און שטורם!
ווונטש און האָפען—דערטרונקען,
פרידלעך נשמה און ים.

זיבעטע איינזאַמקייט!
נישט קיינמאָל געפילט
האָב איך נענטער די זיסקייט פון פרידן,
וואַרעמער דעם בליק פון דער זון.
— גליט נישט דאָס אייז פון מיינע שפּיצן נאָך?
זילבערן, לייכט, אַ פיש
שווימט איצט מיין שיפל אַרויס...

# קלאָג־ליד פון אַריאַדנע.

ווער וואַרעמט מיך, ווער ליבט מיך נאָך?
הייסע הענט דערלאַנגט!
גיט קוילן־בעקנס פון דעם האַרץ!
אויסגעצויגן, שוידערנדיק,
צו אַ גוסס גלייך, וואָס מ'וואַרעמט אים די פיס,
געטרייסלט, אַך! פון אומבאַקאַנטע פיבערס,
פאַרציטערט פון די שאַרפע אייז־קאַלטע פיילן פון דעם פראָסט,
פון דיר געיאָגט, געדאַנק!
אָן־נאָמענדיקער! פאַרהוילענער! שרעקלעכער!
דו יעגער הינטער וואָלקנס!
אַנידער האָסטו מיך געשליידערט מיט דיין בליץ,
דו חוזק־אויג, וואָס קוקט אויף מיר פון טונקל!
אַזוי אָט ליג איך,
איך בויג מיך, און קאָרטשע מיך, געפייניקט
פון אַלע אייביקע יסורים,
פון דיר, אכזריות־דיקסטער יעגער,
דו אומבאַקאַנטער — ג אָ ט...

טרעף טיפער!
טרעף נאָך איין מאָל!
צעשטעך, צעבּרעך דאָסדאָזיקע האַרץ!
צוּוואָס אָט דאָס פיינִיקן
מיט צאָן־טעמפּע פיילן?
וואָס קוּקסטוּ ווידער,
פוּן מענטשן־פיין נישט זאַט,
מיט בייז־פריידיקע געטער־בּליץ־אויגן?
נישט טויטן ווילסטוּ,
נאָר פיינִיקן, פיינִיקן?
צוּוואָס — מִ י ך פיינִיקן,
דוּ בּייז־פריידיקער אוּמבּאַקאַנטער גאָט?

האַהא!
דוּ גנבעסט זיך אוּנטער
אין אַזאַ האַלבּער נאַכט?...
וואָס ווילסטוּ?
זאָג!
דוּ שטויסט מיך, דריקסט מיך,
האַ! שוין גאָר צוּ נאָענט!
דוּ הערסט מיין אָטעם,
בּאַהאַרכסט מיין האַרץ,
דוּ איפּערזיכטיקער!
— אויף וואָס דען איפּערזיכטיק?
אַוועק! אַוועק!
צוּוואָס די לייטער?

אַ ר י י ן  ווילסטו,
אין דהאַרץ אַריינשטייגן,
אין מיינע פאַרבאָרגנסטע געדאַנקען
ווילסטו אַריינשטייגן?
אומפאַרשעמטער! אומבאַקאַנטער! גנב!
וואָס ווילסטו דיר אַרויסגנבענען?
וואָז ווילסטו דיר אויסהאָרכן?
וואָס ווילסטו דיר אויספייניקן,
דו פייניקער!
דו — תלין-גאָט!
אָדער זאָל איך ווי אַ הונט
מיך וואַלגערן פאַר דיר?
איבערגעבן, באַגייסטערט אויסער זיך
דיר ליבע — חניפה-דיק באַווייזן?

אומזיסט!
שטעך ווייטער!
גרויזאַמסטער שטעכער.
נישט קיין הונט — דיין וואָלדרויב בין איך נאָר,
גרויזאַמסטער יעגער!
דיין שטאָלצעסטע געפאַנגענע,
דו רויבער הינטער וואָלקנס!...
רעד דאָך!
דו בליק-פאַרהילטער! אומבאַקאַנטער! רעד!
וואָס ווילסטו, וועג-רויבער, פון — מ י ר?...

ווּאָס?

אויסקויפגעלט?

וויפיל ווילסטו אויסקויפגעלט?

פאַרלאַנג אַ סך — דאָס ראָט מיין שטאָלץ!

נישט טענה פיל — דאָס ראָט מיין אַנדערער שטאָלץ!

האַהאַ!

מ י ד — ווילסטו? מיך?

מ י ד — אינגאַנצן?...

האַהאַ!

און פיניקסט מיך, נאַר וואָס דו ביסט,

פאַרפייניקסט מיר מיין שטאָלץ?

גיב ל י ב ע מיר — ווער וואַרעמט מיך נאָר?

ווער ליבט מיך נאָך?

הייסע הענט דערלאַנג,

גיב קוילן־בעקנס פון דעם הארץ

גיב מיר דער איינזאַמסטער,

וועמען אייז עס לערנט,

אך! זיבנפאַכער אייז,

נאָך פיינט צו שמאַכטן,

נאָך פיינט אפילו,

גיב, יאָ, גיב איבער,

אכזריות־דיקסטער פיינט,

מיר — ד י ך!...

אוועק איז ער!

אַנטלאָפן איז ער אויך,
מיין אײנציקער חבר,
מיין גרויסער פיינט,
מיין אומבאַקאַנטער,
מיין תּלין־גאָט!...

ניין!
קום צוריק!
מ י ט אַלע דיינע פּייניקונגען!
עס לויפן אַלע טרערן מיינע
צו דיר דעם לויף
און מיין לעצטער האַרצנס־פלאַם —
דיר גליט ער אויף!
אָ, קום צוריק,
מיין אומבאַקאַנטער גאָט! מיין ש מ אַ ר ץ
מיין לעצט גליק!...

אַ בליץ. דיאָניזאָס דערשיינט אין שמאַראַגדן־פּראַכט.

ד י אָ נ י ז אָ ס:

זיי קלוג, אַריאַדנע!
האָסט קליינע אויערן, האָסט מיינע אויערן:
אַ וואָרט אַ קלוגס פאַרנעם!
מוז מען נישט צוערשט זיך האַסן, אַז מען זאָל זיך
האָבן ליב?...
א י ך ב י ן ד י י ן ל אַ ב י ר י נ ט...

---

## רום און אייביקייט.

ווי לאַנג זיצסטו שוין
אויף דיין האַרטן גורל?
היט זיך! בריען וועסטו מיר נאָך אויס
אַן איי,
אַ באַזיליסקן־איי
פון דיין לאַנגער פיין.

וואָס שלייכט זיך זאַראַטוסטראַ אין דער לענג פון
באַרג? —

פול חשד, צעווייטיקט, טריב,
פון לאַנג ער לויערט, —
אָבער פלוצלינג אַ בליק,
העל, אימהדיק, אַ דונער
צום הימל שלאָגט אַרויף פון תהום:
— דעם באַרג אפילו טרייסלט זיך
דאָס אינגעוייד...

ווּ האַס און בליץ
געוואָרן זענען איינס, אַ קללה, —
אויף בערג איז איצט דער זיץ פון זאַראַטוסטראַס
צאָרן,
אַ מוראדיקער וואָלקן שלייכט ער זיך זיין וועג.

אַנטלויפן זאָל, ווער ס'האָט אַ מקום־מקלט!
אין בעט אַריין, איר פאַרצערטלטע!
איצט קייקלען זיך דונערן איבערן הימל־צעלט,
איצט ציטערט אַלץ, וואָס מויער און געבעלק,
איצט צוקן בליצן און שוועבל־געלע אמרתן —
זאַראַטוסטראַ שעלט...

2.

דידאָזיקע מטבע,
מיט וועלכער ס'צאָלט די וועלט,
רום, —
מיט הענטשקעס ריר איך אָט די מטבע אָן,
מיט עקל טרעט איך זי אונטער מיינע פיס.

ווער וויל זיין באַלוינט?
די פאַרקויפלעכע...
ווער ביליק איז, שטרעקט אויס
די פעטע הענט
צום דאָזיקן בלעך־קלינג־קלאַנג פון דער גאָרער וועלט—
צום רום!

— ווילסט זיי קויפן?
זיי קאָן מען אַלע קויפן.
נאר צאָל אַ סך!
קלינג מיט אַ פולן בייטל!
— אַזוי שטאַרקסטו זיי,
שטאַרקסטו זייער טוגנט...

זיי זענען אַלע טוגנטהאַפט.
רום און טוגנט — זענען מחותנים.
ווי לאַנג די וועלט שוין שטייט,
זי צאָלט פאַר טוגנט־פּלאַפּלעריי
מיט ליאַרעמדיקן רום, —
די וועלט לעבט מיט נאָר אַזאַ געריידער...

פאַר די אַלע טוגנטהאַפטע
וויל איך שולדיק זיין,
שולדיק וויל איך פאַר זיי הייסן מיט יעדער גרויסער
שולד!

פאַר די אַלע רום־טראָמפּייטערס
ווערט מיין גאווה ווי אַ וואָרים, —
צווישן אַזעלכע וויל זיך מיר
דער נידעריקסטער זיין...

דידאָזיקע מטבע,
מיט וועלכער ס'צאָלט די וועלט,
רום, —
מיט הענטשקעס ריר איך אָט די מטבע אָן,

מיט עקל טרעט איך זי אונטער מיינע פיס.

3.

שטיל! —
פון גרויסטע זאַכן — גרויסעס זע איך! —
זאָל מען שווייגן
אָדער רעדן גרויס:
רעד גרויס, אַנטציקטע חכמה מיין!

איך קוק אַרויף —
דאָרט שווימען ימען ליכט:
אָ נאַכט, אָ שווייגן, אָ טויטנשטילער ליאַרם!...
איך זע אַ צייכן, —
פון ווייטסטע ווייטן
נידערט לאַנגזאַם אַ שטערן־בילד פונקלדיק אַראָפּ צו
מיר...

4.

העכסטער שטערן פון זיין!
לוח פון אייביקייטס־געשטאַלט!
דו קומסט צו מיר? —
וואָס קיינער נישט געזען האָט,
דיין שטומע שיינקייט, —
ווי? זי פאַרשווינדט נישט פאַר מיין בליק? —

צייכן פון נויטווענדיקייט!

לוח פון אייביקייטס-געשטאַלט!
— אָבער דו ווייסט דאָס דאָך:
וואָס אַלע האַסן,
וואָס נאָר אַליין איך ליב,
— וואָס א י י ב י ק ביסט!
וואָס נ ו י ט וו ע נ ד י ק ביסט!
אייביק נאָר נויטוועדיקייט
מיין ליבע טוט צעפלאַקערן.

צייכן פון נויטוועדיקייט!
העכסטער שטערן פון זיין!
— וואָס נישט קיין ווונטש דערגרייכט,
וואָס נישט קיין נ י י ן באַפלעקט,
אייביקער י אָ פון זיין,
אייביק בין איך דיין י אָ:
ו ו י י ל א י ך ל י ב ד י ך, אָ א י י ב י ק י י ט! —



## וועגן דער ארימקייט פון רייכסטן.

צען יאָר זענען פאַרגאַנגען, —
קיין טראָפּן האָט מיך נישט דערגרייכט,
קיין פייכטער ווינט, קיין טוי פון ליבע
— אַ לאַנד אָן רעגן...
אַצינד מיין חכמה טו איך בעטן
נישט קאַרג צו ווערן אין דער פאַרטריקעניש:
פלייץ איבער אַליין, טריף אַליין טוי,
זיי רעגן אַליין צו דער פאַרגעלטער וויסטעניש.

אַמאָל האָב איך געדהייסן די וואָלקנס
אַוועקגיין פון מיינע בערג, —
אַמאָל האָב איך גערופן „מער ליכט, איר טונקעלע!"
היינט רוף איך זיי צוריקצוקומען:
מאַכט טונקל אַרום מיר מיט אייערע אייטערס!
— איך וויל איך מעלקן,
איר קי פון דער הויכקייט!
מילכווואַרעמע חכמה, זיסן טוי פון ליבע
פלייצן וועל איך איבערן לאַנד.

אַוועק, אַוועק, איר אמתן
מיט דעם אונטער=בליק!
נישט זען וויל איך אויף מיינע בערג
האַרבע אמתן, אומגעדולדיקע.
מיט אַ גאָלדיקן שמייכל
געגענען זאָל מיר היינט דער אמת,
פון דער זון געוואָרן זיס, פון דער ליבע ברוין, —
אַ צ י י ט י ק ן אמת נאָר רייס איך אָפּ פון בוים.

היינט שטרעק די האַנט איך אויס
צו די לאָקן פון דעם צופאַל,
מיט געלענק צו פירן אים
און צו נאַרן ווי אַ קינד.
היינט וויל איך זיין גאַסטפריינטלעך
אַנטקעגן נישט=געוווּנטשנס,
נישט אפילו קעגן שיקזאַל שטעכיק וויל איך זיין,
— זאַראַטוסטראַ איז נישט קיין שטעכיק באַשעפעניש...

מיין נשמה
מיט איר אייביק נישט=זאַטער צונג,
אַלע גוטע און שלעכטע זאַכן געגנאַשט האָט זי שוין,
אין יעדער טיפקייט זיך געטובלט.
תמיד אָבער ווי אַ קאָרק
כסדר שווימט זי פון אויבן=אויף
און שטיפעריש, אַזוי ווי אייל, זי יאָגט זיך איבער
שוואַרצע ימען;

פון אזאַ נשמה ווען רופט מען מיך דער גליקלעכער.

ווער איז מיין פאָטער און ווער מיין מוטער?
איז נישט מיין פאָטער דער פרינץ שפע
און מוטער דאָס שטילע געלעכטער?
בין איך נישט די פרוכט פון זייער ביידנס זיווג־בונד,
איך רעטעניש־בריאה,
איך וווּנדער פון ליכט,
איך פארשווענדער פון אַלדער חכמה זאַראַטוסטראַ?

קראַנק היינט פאַר צערטלעכקייט,
אַ טוי־ווינט
זיצט זאַראַטוסטראַ וואַרטנדיק, וואַרטנדיק אויף זיינע
בערג, -

אין אייגענעם זאַפט
זיס געוואָרן און געקאָכט,
א ו נ ט ע ר זיין שפּיץ,
א ו נ ט ע ר זיין אייז,
מיד און גליק־האַפט,
אַ שעפער אויפן זיבעטן טאָג.

— שטיל
אַן אמת וואַנדלט איבער מיר
אַזוי ווי אַ וואָלקן, —
מיט געהיימע בליצן טרעפט ער מיך.
אויף ברייטע טרעפ פּאַמעלעך

שטייגט זיין גליק צו מיר:
קום, קום, געליבטער אמרת!

— שטיל!
מיין אמרת איז עס! —
פון צעגער־אויגן,
פון סאמעט־ציטער
טרעפט מיך דיין בליק,
ליבלעך, בייז, אַ מיידל־בליק...
ער איז דעם סוד פון מיין גליק דערגאַנגען,
ער איז מיך דערגאַנגען — האַ! וואָס טראַכט ער צו?—
פורפורדיק לאָקערט אַ דראַקאָן
אין אָפּגרונט פון זיין מיידל־בליק.

— שטיל! מיין אמרת רעדט! —

ווי דיר, זאַראַטוסטראַ!
דו זעסט אויס ווי איינער,
וואָס האָט גאָלד אַראָפּגעשלונגען:
מ'וועט דיר נאָך דעם בויך אויפשניידן!...

צו רייך ביסטו!
פאַרדאַרבסט פיל מענטשן!
צופיל שאַפסטו קנאה,
צופיל מאַכסטו אָרים...
מיר גופא וואַרפט דיין ליכט אַ שאָטן, —

איך ציטער פון קעלט: גיי אַוועק, דו עושר!
גיי אַוועק, זאַראַטוסטראַ, פון דיין זון אַרויס!...

דו וואָלסט וועלן שענקען, דיין שפע אַוועקשענקען,
אָבער דו גופא ביסט דער איבעריקסטער!
זיי קלוג, דו עושר!
צוערשט אַליין דיך שענק פאַנאַנדער,
אָ זאַראַטוסטראַ!

צען יאָר פאַרגאַנגען, —
און נישט האָט דיך דערגרייכט קיין טראָפּן?
קיין פייכטער ווינט? קיין טוי פון ליבע?
אָבער ווער האָט אויך געזאָלט דיך ליבן,
דו איבער־עושר?
דיין גליק מאַכט טרוקן אַרום,
מאַכט אָרים אין ליבע
— אַ לאַנד אָן רעגן...

קיינער דאַנקט דיר נישט מער.
דו אָבער דאַנקסט יעדן,
וואָס נעמט פון דיר:
דערין דערקען איך דיך,
דו איבער־עושר,
דו אָרימסטער פון אַלע רייכע!
דו אָפּערסט זיך, דיך מאַטערט דיין עשירות, —
דו שענקסט זיך אַוועק,

דו שווינגסט דיך נישט, דו ליבסט דיך נישט:
תמיד צווינגט דיך די גרויסע פיין,
די פיין פון איבערפולע שייערן, פון
איבערפולן הארץ, –

אָבער קיינער דאנקט דיר נישט מער...

מוזט אָרימער ווערן,
דו נאַר פון א חכם!
ווילסטו זיין געליבט.
מ'ליבט נאָר די ליידנדיקע,
מ'שענקט ליבע נאָר דעם הונגעריקן:
צוערשט אליין דיך שענק פאַנאַנדער
אָ זאראַטוסטראַ!

— איך בין דיין אמת...

---

# אינהאַלט

# פארלאג „טורעם" ווארשע

## דערשינענע ביכער:

סטעפאן צווייג — אַמאָק (נאָוועלן פון אַ ליידנשאפט)

פרידריך ניטשע — עקצע האָמאָ (אויטאָביאָגראפיע)

„ „ — דיאָניזאָס-דיטיראמבן (לידער זאראטוסטראס)

---

## עס גרייט זיך צום דרוק:

פרידריך ניטשע — שאָפּענהויער אַלס דערציער (ניט-צייטמעסיקע באַטראַכטונג)

סטעפאן צווייג — ירמיהו (דראַמאַטישע דיכטונג)

„ „ — דער פלאָנטער פון געפילן (דערציילונגען)

„ „ — דאָסטאָיעווסקי (עסיי)

„ „ — ניטשע „

„ „ — טאָלסטאָי „

---


הויפט-פארקויף:

קאאפער. „ביכער"

ווארשע, נאַלעווקי 2a.

Druk. „EXPRESS" Warszawa, Nowolipki № 17.